

**יודזשין דעבס**

איז געבוירן געוואָרן אין נאָוועמבער, 1855, אין טערע־האָט, אינדיאַנאַ, און איז דאָרטן געשטאָרבן אין אָקטאָבער, 1926.

נפתלי גראָס

# יודזשין דעבס

## אַ מעשה פון אַ מענטשן

אַרויסגעגעבן פון
אַרבייטער רינג
בילדונגס דעפּאַרטמענט
ניו יאָרק, 1933

# ווילדע צייטן

אין די צייטן, ווען געלט-גיריקע מענטשן האָבן זיך גע־
יאָגט נאָך גאָלד און געלט, און ווען איין ברודער האָט פאַר־
שקלאַפט דעם צווייטן ברודער, האָט געלעבט דער מענטש
יודזשין וויקטאָר דעבס.

דעבס איז געווען איינער פון די עטלאַכע געציילטע
איידלסטע און גרעסטע מענטשן, וואָס דאָס אַמעריקאַנישע
פאָלק האָט אַרויסגעגעבן.

זיינע עלטערן זיינען געקומען אַהער פון פראַנקרייך און
האָבן זיך באַזעצט אין דער שטאָט ט ע ר ע־ה אָ ט, אינ־
דיאַנאַ. אין „טערע-האָט", וואָס מיינט הויכלאַנד, איז יודזשין
געבוירן געוואָרן. ער האָט גראַדואירט פון פּאָבליק סקול
צו 14 יאָר. דערנאָך איז ער געגאַנגען אַרבעטן. ער איז
געווען אַ לאָקאָמאָטיוו-הייצער. שפּעטער איז ער געוואָרן
אַ רעדנער און אַ קעמפער פאַר די רעכט פון פאַרשקלאַפּ־
טע און באַרויבטע. דאָס האָט אים דערהויבן איבער אַנ־
דערע מענטשן, און דאָס איז געווען זיין גרויסקייט.

אין זיינע צייטן זיינען די נעגער דאָ אין לאַנד נאָך
געווען שקלאַפן, ווייסע האָבן אונטערדריקט ווייסע, און
די רויטע אינדיאַנער—ווי די לעצטע מאָהיקאַנער—האָבן
זיך נאָך געראַנגלט מיט די „בלייכע" רויבער און שקלאַפן־
הענדלער, וואָס זיינען געקומען אַהער פון אַלע עקן וועלט

און האָבן פֿאַרכאַפּט ביי זיי מיט געוואַלט זייערע לענדער און זייער האָב-און-גוטס.

יודזשין וויקטאָר דעבס האָט געזען די עוולות און דאָס אומרעכט, וואָס די רייכע באַגייען קעגן די אָרימע און קעגן די אַרבעטער, און ער האָט געקעמפט קעגן דעם. ער האָט געפּריידיקט גערעכטיקייט און אמת. וואָרן דעבס האָט ליב געהאַט מענטשן: גרויסע און קינדער, שוואַרצע און ווייסע און רויטע. אַלע מענטשן זיינען ברידער. און ער האָט זיין גאַנץ לעבן אַוועקגעגעבן צו פֿאַרבעסערן און פֿאַרשענערן דאָס לעבן פון אַלע, וואָס ליידן און ווערן אונ-טערדריקט.

און ווי אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געקעמפט פֿאַר אמת און פֿאַר גערעכטיקייט, האָט מען דעבסן עטלאַכע מאָל אַריינגעוואָרפן אין געפענגעניש. דאָס האָט אים אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקן. ווי נאָר ער פלעגט באַפרייט ווערן פון געפענגעניש, האָט ער זיך ווייטער גענומען צו זיין אַרבעט.

יודזשין דעבס איז אַ סך אַרומגעפאָרן צווישן אַרבע-טער איבערן לאַנד. און וואוהין ער איז געקומען האָט ער געבראַכט מיט זיך פרייד, האָפענונג און ליבע. און צווישן וועמען ער איז געקומען — האָבן אַלע דערפילט, אַז יודזשין דעבס איז אַן אייגענער, אַ ברודער. אַלע האָבן דאָס פֿאַר-שטאַנען און אים ליב געהאַט.

יודזשין וויקטאָר מיינט נאָבעלער זיגער. און ווי זיין נאָמען — אַזוי איז ער געווען.

און איצט הייבט זיך אָן די מעשה.



# סאָלדאַטן מאַרשירן איבער די גאַסן

דאָס איז געשען — אַזוינע זאַכן טרעפן אומעטום און נאָך היינט־צו־טאָג אויך — אין דער שטאָט טערע־האָט, אינדיאַנאַ. דעם קליינעם יודזשינס עלטערן האָבן דאָרטן געוואוינט, זינט זיי זיינען געקומען אַהער פון יענער זייט ים, פון פראַנקרייך.

יודזשין איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין אינגל און אַלע האָבן אים גערופן דזשין. אַזוי האָט ער אויך ליב געהאַט מע זאָל אים רופן, ווען ער איז שוין אַפילו געווען גרויס און באַרימט.

אין שיינעם זומער־פרימאָרגן, דזשין איז נאָר וואָס געהאַט אויפגעשטאַנען, דערהערט ער אין גאַס אַ פויקן און אַ טרוימייטערן. יודזשין האָט מיט פרייד אַ פלי געטון דורך דער אָפענער טיר אין גאַס אַרויס. ערשט — סאָל־דאַטן. מחנות סאָלדאַטן מאַרשירן דורך דער גאַנצער לענג פון גאַס מיט פייקלער און מיט טרומייטערער פאָרויס.

מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין גאַס, האָבן גע־מאַכט רעדלאַך און גערעדט צווישן זיך; מיידלאַך האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּ און מיט שמייכלענדיקע אויגן האָבן זיי באַגלייט די סאָלדאַטן; מוטערס זיינען אַרויס אויף די שוועלן און מיט באַדויערן האָבן זיי נאָכגעקוקט די מאַרשירנדיקע; און קינדער זיינען פאַרוואונדערטע זיי נאָכגעלאָפן אַ שטיק וועג.

יודזשין איז אויך נאָכגעלאָפן. ער איז זיי נאָכגע־לאָפן ביזן ווינקל גאַס. ער האָט זיך אָבער באַלד צוריק אומגעקערט. וואָרן וואָס דאַרף ער זיי נאָכלויפן, אַז צו די רייען סאָלדאַטן נעמט גאָרנישט ניט קיין סוף! רייען הינ־טער רייען קומען זיי און גייען.

יודזשין האָט שוין פאַר דעם געזען סאָלדאַטן. נאָר אַזאַ סך האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזען. ער האָט זיך אויך אַ סך אָנגעהערט וועגן די געשלעגן און מלחמות צווישן ווייסע און רויטע.

— אָבער וואוהין גייען זיי, אָט די סאָלדאַטן?

— זיי גייען — ס׳איז מלחמה, בירגער־קריג, גייען זיי זיך שלאָגן. אַ סך גייען קעגן זייער ווילן. זיי גייען האַר־גענען אַזוינע יונגע מענטשן ווי זיי זיינען אַליין.

אַזוי האָט אים דערקלערט זיין מוטער.

יענעם טאָג איז דזשין געקומען אין שול אַריין שפּעט. אַנדערע אינגלאַך אויך. נאָר די לערערן האָט זיי גאָרנישט ניט געזאָגט.

די לערערן האָט גערעדט פון מלחמה. זי האָט זיי דערציילט סאַראַ פאַרדאָרבענע, שלעכטע מענטשן עס זיי־נען די סאָדערנערס מיט וועמען מע פירט מלחמה. און אַז:

— די סאָלדאַטן, וואָס גייען זיך שלאָגן מיט די סאָ־דערנערס, זיינען גוטע, בראַווע בחורים. און אַז איר, אינג־לאַך, וועט ווערן גרויס, זאָלט איר אויך זיין אַזוי מוטיק און בראַוו.

אָ, נישט איין אינגל האָט זיך שוין דעמאָלט געזען אַ גרויסער אין אַ סאָלדאַטישן מונדיר, מיט אַ פּייקל אויפן בויך, און מיט אַ טרומייטער אין מויל.

נאָר דזשין האָט געטראַכט פון עפּעס אַנדערש:

— וואָס איז מיט דעם סאָדערנער, וואָס וואוינט אין שכנות מיט זיי? און וואָס שפּילט זיך אָפּט מיט די קינ־דער און טיילט זיי נאַשערייען? איז ער אויך אַ שלעכטער, פאַרדאָרבענער מענטש? ער איז דאָך, דאַכט זיך, אַזוי גוט ווי זיין אייגענער פאָטער?!

— יאָ, — האָט די לערערן דערקלערט. — ער איז אַ שלעכטער מענטש, וואָרן ער געהער צום שונא. און אַלע, וואָס געהערן צום שונא — זיינען שלעכטע מענטשן.

יענעם טאָג האָט זיך דזשין אָנגעהערט אַ סך מעשות פון מלחמה, און סאַראַ שלעכטע מענטשן עס זיינען די שונאים. אין שול האָט מען גערעדט פון מלחמה, אין הויז — פון מלחמה, אין גאַס — ווידער פון מלחמה. וואו מענטשן האָבן גערעדט — האָט מען נאָר גערעדט פון מלחמה און פון די סאָדערנערס, און פון די פאַרקריפּלטע סאָלדאַטן, און פון שקלאַפן און שקלאַפעריי.

אין אָוונט האָט יודזשינס פאָטער אַ סך דערציילט סאַראַ אומגליקן עס ברענגען די מלחמות. אויך די מוטער האָט דערציילט פון מלחמה־צרות. זיי אַליין זיינען אַהער געקו־מען, בעת אין די מיטל־אייראָפּייאישע לענדער זיינען גע־ווען רעוואָלוציעס און מלחמות. און זיי האָבן גוט גע־וואוסט דעם ביטערן טעם פון מלחמה.

אַלע קינדער, דזשין און זיינע שוועסטער און ברידער, זיינען געזעסן אויף דר׳ערד, אין אַ האַלבן ראָד אַרום די על־טערן, און מיט אָפענע אויגן און אויערן האָבן זיי געזעסן און געהערט די ווילדע מעשות פון מלחמה.

דזשין האָט געשטעלט פראַגעס, ער האָט אַלץ געוואָלט וויסן. און ווען אַלע זיינען יענעם אָוונט שוין געלעגן אין

די בעטן און געשלאָפֿן, איז נאָך דזשין געווען וואַך. ער האָט געטראַכט וואונדערלאַכע זאַכן, זאָל ער נאָר ווערן גרויס. ניין, ער וועט נישט גיין אין מלחמה אַריין האַר־גענען מענטשן. און סע וועט מער נישט זיין קיין מלחמות, ער וועט קעמפֿן קעגן מלחמות.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך אים געכאָלעמט ווילדע מעשות פֿון מלחמה. ער האָט געזען סאָלדאַטן מיט פֿאַר־קריפּלטע הענט און פֿיס. זיין פֿאָטער און זיינע ברידער האָבן געהאַט צעדרייטע הענט און פֿיס ווי זיין פֿריינט, דער קליינער קריפּל דזשאַני, וואָס וואוינט אַנטקעגן זייער הויז און פֿון וועמען אַלע קינדער לאַכן און רייצן זיך מיט אים.

אַ גרויס רחמנות האָט אים אָנגענומען אויף זיינע ברידער און אויף זיין פֿאָטער און אויף אַלע סאָלדאַטן, וואָס גייען זיך שלאָגן, און וואָס ווערן פֿאַרקריפּלט ווי דזשאַני.

אויף מאָרגן, אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען, האָט ער צו זיך נאָכאַמאָל געזאָגט:

— אָ, אַז ער וועט זיין גרויס, ער וועט נישט גיין אין מלחמה אַריין האַרגענען מענטשן. ניין! און סע וועט נישט זיין מער קיין מלחמות, וואָרן ער וועט קעמפֿן קעגן מלחמות.



# דזשין און דזשאַני

אַנטקעגן־איבער אין דער גאַס האָט געוואוינט דזשאַני. ער איז געווען אַ קראַנק און אַ פאַרקריפּלט אינגל. זיינע הענט און זיינע פיס און זיין גאַנצער גוף זיינען געווען צעדרייט און צעקרימט. און קיין שכל האָט ער אויך נישט געהאַט. ער האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען וואָס מע רעדט צו אים. און ער האָט קיינמאָל נישט געענטפערט וואָס מע פרעגט אים.

אַלע קינדער אין גאַס האָבן פון אים געלאַכט און זיי האָבן פון אים חוזק געמאַט. זיי האָבן אים אַרויסגעשטעקט די צונג און האָבן זיך אים נאָכגעקרימט ווי ער גייט. און אַ לידל האָבן זיי אים געזונגען — אַזאַ:

**דזשאַני, דזשאַני**
**איז אַ טראָפּ,**
**ער האָט נישט קיין שכל**
**אין זיין קאָפּ.**

דזשאַני איז קיינמאָל נישט ברוגז געוואָרן. ער האָט נאָר געשמייכלט פון זייערע מינעס און פון זייער געלעכטער. וואָרן ער האָט אַפילו נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי זינגען.

דזשין האָט אים אויך נישט ליב געהאַט. און ער האָט זיך מיט אים קיינמאָל נישט געשפּילט. נאָר נאָך יענעם טאָג מיט די סאָלדאַטן, האָט ער אויף אים גרויס

רחמנות געקריגן. ער האָט פון אים מער נישט געלאַכט. אַנשטאָט לאַכן — פלעגט דזשין אים אָננעמען ביי דער האַנט און גיין מיט אים אין פּאַרק אַריין.

איינמאָל באַמערקט דזשין אין פּאַרק ווי דזשאַני זיצט אויפן גראָז און צענדליקער טויבן טאַנצן אַרום אים מיט זייערע רויטע פיסלאַך.

דזשאַני האָט זיי געגעבן ניסלאַך. ער האָט אַריינגע־לייגט די יאָדרעס צווישן זיינע ליפּן, און די טויבן זיינען אַרויף אויף זיינע אַקסלען און האָבן געגעסן פון זיין מויל.

דזשאַני האָט בעת־מעשה נאָר געשמייכלט, פּונקט ווי ער פלעגט שמייכלען, בעת די קינדער האָבן געלאַכט פון אים און חוזק געמאַכט.

פון דעמאָלט אָן האָט דזשין ליב געקריגן דזשאַנין און ער האָט זיך פאַר אים אַלעמאָל אָנגענומען.



# ווינטער־אָוונטן

דזשין האָט ליב געהאַט אַלע צייטן פון יאָר: דעם זוניקן זומער און דעם שנייאיקן ווינטער, דעם גילדענעם האַרבסט און דעם בונטן בליענדיקן פרילינג. נאָר ליבערשט פון אַלע צייטן האָט ער ליב געהאַט דעם ווינטער; און צום ליבסטן זיינען אים געווען די ווינטער־אָוונטן, בפרט די זונטיק־אָווענטן.

די גאַנצע וואָך איז יעדער פאַרנומען. דער פאָטער איז גאַנצע טעג נישט אין דער היים. ער איז ביי דער אַרבעט. די מוטער איז פאַרהאַוועט אין הויז. זי קאָכט, וואַשט, ראַמט און נייט. און די קינדער — עטלאַכע זיינען אין שול און עטלאַכע גייען שוין אַרבעטן.

דערפאַר אָבער, אַז סע קומט דער זונטיק — איז די גאַנ־צע משפחה אין דער היים. און אין הויז איז דעמאָלט גאָר אַנדערש ווי אַ גאַנצע וואָך. אין הויז איז אויפגעראַמט, יאָנטעווודיק, אַזוי ווי ביי אַ סך פון אונזערע אידן פרייטיק־צונאַכטס, און שבת־צונאַכט.

נאָכן עסן זעצט זיך דאָס קליינוואַרג אוים אויף דר'ערד, אין אַ האַלבן קרייז אַנטקעגן קאַמין. אין קאַמין ברענט. דער פאָטער, די מוטער — זיצן אין שטולן.

אין דרויסן איז אַ פראָסט. די פענסטער זיינען צו־געשמידט. די שויבן בליען מיט ווייסע, זילבערנע בלעטער

און וואַזאַנעס. אויסער דעם פייער אין קאַמין ברענט נישט קיין אַנדער ליכט אין צימער. שאָטנס טאַנצן אויף די ווענט.

אַלע זינגען. דאָס זיינען פראַנצייזישע לידער, וואָס די עלטערן האָבן מיטגעבראַכט פון זייער אַלטער היים, פון עלזאַס-לאָטרינגען.

דזשין קען די אַלע לידער. ער האָט זיי ליב און זינגט זיי אָפּט פאַר זיך אַליין.

נאָכן זינגען דערציילט די מוטער אַ מעשה. אַמאָל — דער פאָטער. מיינסטנס אָבער — די מוטער. זי דערציילט אַזוי שיין און האַרציק. אַמאָל איז דאָס אַ פאָלק-מעשה פון אַמאָליקע צייטן; אַמאָל — פון קאַרליקלאַך, שרעטעלאַך און פון ריזן; און אַמאָל איז דאָס גאָר אַ מעשה פון די רויטע אינדיאַנער, אָדער פון די נעגער-שקלאַפן.

אַלע הערן געשפּאַנט. דזשין זיצט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער זעט אַלץ אויף וואָר פאַר זיינע אויגן. ער לעבט מיט מיט אַלע פּאַסירונגען. אָ, די מעשות, זיי פירן אים אַוועק אין וואונדערלאַכע וועלטן. ער ליידט מיט די ליידנדיקע, און ער פרייט זיך מיטן זיג פון די העלדן. ער זעט זיך אָפּטמאָל אַליין אין דער ראָלע פון דעם העלד, וואָס קומט אַלעמאָל אָן אין דער רעכטער צייט.

און נאָכדעם ווי די מוטער ענדיקט — זיצט מען נאָך לאַנג קעגן פייער: מע רעדט און מע פרעגט. מיינסטנס פרעגט דזשין. ער וויל וויסן: פאַרוואָס זיינען טייל קאַר-ליקלאַך, און אַנדערע — ריזן? פאַרוואָס זיינען די שוואַרצע שוואַרץ און מוזן זיין שקלאַפן? פאַרוואָס האַרגעט מען די רויטע? אַלץ וויל ער וויסן, דער דזשין. פאַרוואָס זיי-נען טייל מענטשן אָרעם אוןליידן?

דאָס קליינוואַרג בעט נאָך מעשׂות. נאָר, אַז סע ווערט שפּעט, הייבט זיך אויף די מוטער די ערשטע און נעמט בעטן פֿאַר יעדן זיין געלעגער.

אַז אַלע שלאָפֿן שוין — ליגן נאָך פֿאָטער און מוטער אין בעט און רעדן:

— אַ מאָדנע אינגל, דער דזשוין. אַלץ וויל ער וויסן. איך האָב מורא, — זאָגט דער פֿאָטער, — אַז זיין וועג אין לעבן וועט זיין אַ שווערער.

— יאָ; — זאָגט די מוטער, — איך גלייב אָבער, אַז ער וועט זיין אַנדערש ווי די אַנדערע און ער וועט נאָך אויפטון אַמאָל גרויסע זאַכן.



# דזשין גייט אַרבעטן

יאָרן גייען. דזשין האָט געענדיקט פּאָבליק סקול. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 14 יאָר. ער איז געווען הויך און שלאַנק, און האָט אויסגעזען עלטער ווי ער איז געווען, און האַלטן האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן מענטשן.

דזשין האָט ליב געהאַט די שול און ער האָט זיך אַלע־מאָל געלערנט מיט חשק. דאָך האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו גיין אַרבעטן. וואָרן ער האָט געזען ווי שווער זיין פאָ־טער אַרבעט און ס׳איז קיינמאָל ניט נישטאָ וויפיל מע באַדאַרף האָבן פאַר אַלעמען. אַמאָל קלעקט אַפילו נישט קיין עסן געננוג פאַר אַלעמען. און אַז סע קומט צום שלאָפן — מוז מען ליגן צו צוויי און אַמאָל צו דריי צוזאַמען.

די מוטער איז אַפילו קעגן דעם, אַז דזשין זאָל גיין אַרבעטן. זי וויל דזשין זאָל ווייטער לערנען און עפּעס אויסשטודירן. נאָר אַז אַ 14 יעריק אינגל זאָל גיין אַר־בעטן, דאָס איז אין יענע צייטן — און אַפילו היינט־צו־טאָג — גאָרנישט ניט קיין נייעס.

פאַראַן טויזנטער און הונדערט־טויזנטער אינגערע קינ־דער, וואָס גייען אַרבעטן. און אין יענע צייטן זיינען גע־ווען נאָך מער. און אַ סך קינדער ווערן פאַרטריקנט און פאַרוועלקט פאַר דער צייט און שטאַרבן. דזשין דערמאָנט זיך אָן זיין חבר, דעם קליינעם בילי, וואָס איז געגאַנגען אַר־בעטן צו 9 יאָר און איז געשטאָרבן ביי דער אַרבעט.

בילי איז געווען אַזאַ שיינער און ער האָט געקענט דער־ציילן וואונדערלאַע מעשות. אלע האָבן געזאָגט, אַז בילי וועט אויסוואַקסן אַ פּאָעט. אָ, זיינע מעשות. דוזשין גע־דענקט זיי ביז אויפֿ היינטקן טאָג.

איינמאָל קומט בילי צו לויפֿן אין סקול, רופֿט צונויף אַלע זיינע פריינט און דערציילט זיי אַ מעשה, א מאָדנע מעשה, ווי ער האָט ביינאַכט געמאַכט אַ רייזע צו דער לבנה. קיינער האָט אים נישט געוואָלט גלייבן. נאָר בילי האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם.

ביינאַכט איז צו אים געקומען אַ קליין מענטשעלע, אַ קאַרליקל מיט אַ לאַנגער באָרד, האָט אים געהייסן זיך אָנטון און גיין מיט אים. נאָר די טיר איז געווען פאַר־שלאָסן, און דורכן קוימען האָט ער נישט געוואָלט קריכן, ווייל ער וועט זיך אויסשמירן. וואָס טוט מען? ערשט — די סטעליע עפֿנט זיך אויף און זיי גיבן זיך אַ הייב אויף און אַרוים אין דרויסן גלייך אויפֿן דאַך.

דערוויל דערזעען זיי — אַ וואָלקן שווימט איבערן דאַך. זאָגט דאָס קאַרליקל:

— וואָלקן, ליבער וואָלקן, ווילסט אונז אָוועקטראָגן צו דער לבנה?

— אַוודאי, — זאָגט דער וואָלקן, — פאַרוואָס נישט? זעצט אייך אויף און האַלט אייך גוט צו, איר זאָלט נישט אַראָפּפאַלן.

בילי און דאָס קאַרליקל האָבן זיך אויפגעזעצט און דער וואָלקן איז אַוועק ווייטער. ער איז געפלויגן וואָס־אַמאָל שנעלער און העכער און העכער. ביז די ערד איז געוואָרן קלענער און קלענער, און די לבנה — אַלץ גרעסער.

און אַז זיי זיינען אָנגעקומען אויף דער לבנה, ערשט

— בילי, גיט אַ קוק — אַלץ איז קאַפּויר, מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פּיס אַרויף. דער בלויער הימל איז אונטן, און אויבן איז די גרינע ערד; די צווייגן פון די ביימער שטעקן אין דר׳ערד, און די וואָרצלען ציען זיך אין דער הייך; די זון שיינט ביינאַכט, און בייטאָג שיינען די לבנה מיט די שטערן.

און אַפילו די באַשעפענישן: די חיות, די פייגל און די פיש זיינען דאָרטן קאַפּויר. די פייגל שווימען אַרום אין וואַסער, די פיש פליען אַרום אין דער לופטן, די חיות גייען אַרום מיט ביקסן און כאַפּן מענטשן, און די מענטשן לעבן אויף ביימער און אין היילן און אין גריבער.

נאָר דאָס וואונדערלאַכסטע איז דאָרטן מיט די מענטשן: זיי זיינען גרויס און אַלט, ווען זיי ווערן געבוירן. וואָס אַ יאָר ווייטער ווערן זיי קלענער, זיי וואַקסן צוריק און נידעריקער, ביז זיי ווערן קליינע קינדער; און דערנאָך ווערן זיי גאָר אַזוי קליין ווי שרעטעלאַך — אַ פינגער די גרייס. נאָר אַן אמת געלעכטער איז דאָרטן צו זען, ווי די קינדער שלאָגן די עלטערן, ווען די עלטערן פירן זיך נישט אויף גוט.

און נאָך עפּעס: די עלטערן זיצן דאָרטן אין דער היים, גייען אין שול אַריין זיך לערנען, און די קינדער גייען פאַר זיי אַרבעטן. די אַלטע לייט גייען אין מלחמה אַריין, און די יונגע פירן די פּאָליטיק און האַלטן רעדעס.

און מלחמה פירט מען דאָרטן אָט אַזוי: אַז מען קומט אויפן שלאַכטפעלד — נעמט מען שיסן זיך אַליין. און יענער צד, וואָס האָט מער געשאָסענע — יענער צד גע־ווינט. און דער, וואָס וויל זיך נישט שיסן, געהערט צו דעם צד, וואָס פאַרלירט.

בילי דערציילט און דערציילט וואונדער איבער וואונ־

דער. אַלע האָבן געמיינט, אַז בילי וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער פּאָעט, אַ שרייבער. נאָר בילי איז אינגאַנצן נישט אויסגעוואַקסן.

בילי איז אַוועק אַרבעטן. וואָרן בילים עלטערן, מוזט איר וויסן, זיינען געווען אָרעם. און זיי האָבן אים געמוזט שיקן עפּעס פֿאַרדינען. בילי איז געגאַנגען אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק.

איינמאָל, אין זייער אַ הייסן זומערטאָג, איז בילי דאָרטן קראַנק געוואָרן. מע האָט אים גלייך אַוועקגעפֿירט אין אַ שפּיטאָל. אויפֿן צווייטן טאָג, אַז דזשין איז געקומען זען בילין, האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזט. מע האָט אים געזאָגט, אַז בילי שלאָפֿט. דזשין האָט געוואָלט צוּוואַרטן. נאָר מע האָט אים געזאָגט, אַז בילי וועט שלאָפֿן — וועט שוין אייביק שלאָפֿן.

דזשין דערמאָנט זיך נאָך אַ סך זאַכן פֿון זיין חבר בילי. ער טראַכט אויך פֿון די אַנדערע קינדער, וואָס מוזן גיין אַרבעטן אַנשטאָט לערנען זיך און שפּילן. ער דערמאָנט זיך ווי פֿאַראַיאָרן זומער זיינען 15 קינדער פֿאַרכאַלעשט גע־וואָרן ביי דער אַרבעט אין דער פֿאַבריק און ווי מע האָט זיי אַרויסגעטראָגן האַלב־טויטע. נאָר די אַלע זאַכן שרעקן דזשינען נישט אָפּ. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו גיין אַרבעטן און העלפֿן זיינע עלטערן.



# דזשין ווערט אַ הייצער

אַ יאָר צייט האָט דזשין געאַרבעט אין די הויפן און אין די פאַרב־שעפער פון דער באַן. די אַרבעט פאַלט אים אָפּט שווער, וואָרן ער מוז אַרבעטן אין די נעכט. און נישט איינמאָל מוז ער קעמפן מיט דעם שלאָף, וואָס נעמט אים אַרום אַזוי, אַז ער קאָן זיך קוים באַפרייען פון אים. און ער איז טאַקע אַלעמאָל מוטיק און לאָזט דעם שלאָף צו זיך נישט צו.

בייטאָג שלאָפט דזשין ווינציק. ער איז נישט געוואוינט צו שלאָפן בייטאָג. אויסערדעם וויל ער נישט אויפגעבן דאָס לערנען. אַז ער קומט אַהיים אינדערפרי פון אַ גאַנצער נאַכט אַרבעט, וואַשט ער זיך אַרום, טוט זיך איבער און גייט אין סקול אַריין לערנען. נאָר נישט איינמאָל כאַפּט ער זיך אין סקול, אַז ער דרימלט און כאָלעמט פון זיין שווערער אַרבעט. דאָך האָט ער דאָס לערנען ליב און עס איז אים זייער טייער.

אַרום אַ יאָר צייט האָט דזשין אַזוי געאַרבעט. נאָכ־דעם איז ער געוואָרן אַ לאָקאָמאָטיוו־הייצער. דאָס איז זייער אַ שווערע אַרבעט. די היץ איז אָפּט אַ שרעקלאַכע. דער אָטעם פאַרכאַפּט, אַז מע ווערט ממש דערשטיקט. נאָר דזשין האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקן.

זיבן טאָלער אַ וואָך האָט דזשין דעמאָלט געגומען.

ער האָט זיך אָפּט געוואונדערט וואָס פֿאַר דער שווערסטער אַרבעט קריגן מענטשן צום ווינציקסטנס באַצאָלט.

דאָס פֿאָרן אָבער האָט אים דערפֿאַר פֿאַרשאַפֿט אַ סך פֿרייד. דער צוג יאָגט זיך ווי אַ ווילדע חיה. און פֿאַרביי זיינע אויגן פֿליען בערג און טאָלן און טייכן, סע בייטן זיך פֿעלדער און וועלדער און וויסטענישן.

די מוטער דזשינס איז נישט צופֿרידן געווען מיט זיין אַרבעט. זי האָט געהערט פֿון די אומגליקן, וואָס טרעפֿן אויף די באַנען, פֿון די געפֿאַרן, וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיטן פֿאָרן, און איר האַרץ האָט שטענדיק געציטערט. זי האָט כסדר געבעטן איבער אים, אַז ער זאָל זען און קריגן זיך עפּעס אַן אַנדערע אַרבעט, ביי וואָס מע דאַרף נישט אַר־בעטן אין די נעכט, און נישט אויף דער באַן.

דזשין וואָלט דער מוטער זיינער אַוודאי צוליב געטון. נאָר וואו נעמט מען אַן אַנדערע אַרבעט? שטעלעס וואַקסן נישט אויף קייןביימער.

פֿיר יאָר איז דזשין געווען אַ לאָקאָמאָטיוו-הייצער. לסוף האָט ער דאָך באַקומען אַן אַנדערע שטעלע. די נייע אַרבעט איז געווען אַ לייכטערע, אָבער נישט קיין בעסערע. ער האָט געאַרבעט אין אַ שפּייז-קראָם.

באַגינען, בעת אַלע אין הויז זיינען נאָך געשלאָפֿן, האָט דזשין שוין געמוזט זיין אין קראָם, אַריינשלעפּן די קאַנען מילך, צעוועגן דעם צוקער און קאַווע. דערנאָך האָט ער געמוזט צעפֿירן צו די קונים די באַשטעלונגען אויף פֿרישטיק. אַזוי האָט דזשין געאַרבעט פֿון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט.

נאָר דזשין איז געווען אַ גוטמוטיקער בחור. אין יע־

דער זאַך, אין יעדער אַרבעט האָט ער געפונען פרייד. וואָרן ער האָט פאַרשטאַנען די ניצלאכקייט פון יעדער אַרבעט.

דזשינען האָט אָבער געאַרט, וואָס נאָר די אָרעמע מוזן אַרבעטן און — אַרבעטן שווער, בעת די רייכע גייען אַרום ליידיק, פוסט-און-פּאַס, לעבן אַ גוטן טאָג און לאָזן זיך וואוילגיין אויפן חשבון פון די אָרעמע מאַסן. דזשין האָט איינגעזען די אומגערעכטיקייט אין לעבן, און ער האָט באַשלאָסן, אַז אַזוי טאָר עס נישט זיין. ער וועט טון אַלץ אין דער וועלט, צו פאַרבעסערן די אָרדענונג, און ער וועט העלפן שאַפן אַ בעסערע און אַ גערעכטערע אָרדענונג אין לעבן.



## „איינער פאַר אַלע, און אַלע פאַר איינעם".
## דזשין הייבט אָן זיין גרויסע אַרבעט.

פון קינדווייז אָן האָט זיך דזשין גענומען צום האַרצן דאָס אָרעמע לעבן פון די אַרבעטער און די שלעכטע אָרדע־נונג, וואָס הערשט אין לעבן. ער האָט אַ סך געטראַכט וועגן דעם און אויך אָפט וועגן דעם גערעדט. צווישן אַרבע־טער, וואו דזשין איז שוין געווען גוט באַקענט, האָט ער נישט איינמאָל גערעדט וועגן דידאָזיקע איבלען אויף דער וועלט.

דזשין האָט אָבער איינגעזען, אַז כדי צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די אַרבעטער, מוזן זיי זיך קודם־כל פאַר־אייניקן אין איין קערפערשאַפט. און פון טראַכטן און רעדן איז טאַקע דזשין איבערגעגאַנגען צו אַרבעט, צו מעשים.

דזשין האָט גענומען איינציקע הילפלאָזע אַרבעטער און ער האָט זיי פאַראייניקט אין א שטאַרקער אָרגאַניזאַ־ציע. „איינער פאַר אַלע, און אַלע פאַר איינעם" איז געוואָרן דזשינס שלאָגוואָרט, בעת ער האָט גערעדט צווישן זיינע פריינט און אַרבעטער.

אַזוי איז דזשין בילסאכווייז באַקענט געוואָרן אין טערע־האָט צווישן אַלע אַרבעטער. ער איז שוין לאַנג נישט גע־בליבן אין דער גראָסערי. פאַר אים איז פאָרגעשטאַנען אַ גרעסערע, אַ וויכטיקערע אַרבעט. ער האָט אָנגעהויבן

אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלאַך און האָט אומעטום אָרגאַניזירט די אַרבעטער אין יוניאָנס.

פאַרשטייט זיך, אַז באַלעבאַטים האָבן אין דעבסן דער־זען אַ געפערלאַכן מענטשן. זיי האָבן איבערגעטון פאַרשי־דענע שפּיצלאַך, כדי צו שטערן אים אין זיין אַרבעט. דעבס איז געוואָרן זייער צילברעט, אויף וועמען זיי האָבן גע־וואָרפן זייערע פיילן.

נאָר דזשין איז נישט געווען קיין שרעקעוודיקער און ער איז זיך אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זיין אַרבעט. ער איז אַרומגעפאָרן פון שטעטל צו שטעטל, האָט גערעדט אויף אַרבעטער־מיטינגען און האָט געגרינדעט יוניאָנס. פאָרן איז אָבער געווען פאַרבונדן מיט הוצאות, און נישט אלע־מאָל האָט דזשין געהאַט אויף די נייטיקע הוצאות. ער האָט זיך אָפט אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פראַכטצוג און איז גע־פאָרן, וואוהין ער האָט באַדאַרפט.

איינמאָל אין אַ קאַלטן ווינטער־אָוונט איז דעבס גע־פאָרן אין דער שטאָט עלמיירע. ער האָט דאָרטן געדאַרפט זיין און רעדן אויף אַ מיטינג פון אַרבעטער.

אין דרויסן איז געווען אַן איבערקערעניש. סע האָט געווייט און געשנייט און געביטשט. אויף קיין טיקעט האָט דזשין נישט געהאַט. האָט ער געטון — וואָס ער האָט פיל מאָל געטון: ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ וואַגאָן פון אַ פראַכטצוג און האָט גערעכנט אַזוי צו דערפאָרן ביז יענער שטאָט. ער האָט זיך איינגעגאָרעט אין אַ ווינקל פון וואַגאָן, און האָט זיך געטראַכט וואָס ער וועט רעדן אויף דעם מיטינג.

אַז דער צוג האָט זיך געהאַלטן אין דערנענטערן צו דער אַרומיקער געגנט פון דער שטאָט, ערשט — סע עפנט זיך

די טיר, און מיט אַ לאַמטערן אין האַנט קומט אַריין דער וועכטער, וואָס פאַרדרייט די ברעמזע (טאָרמאַז, „ברייק") אויף איינצוהאַלטן דעם צוג. דערזען, אַ מענטש ליגט אין ווינקל, איז ער צו צו אים מיט אַ געשריי:

— היי, דו באָם, דו, אַרויס פונדאַנען! פרייע רייזעס ווילט זיך דיר מאַכן?

— אמת, ברודער. — האָט דזשין געענטפערט.

— און וואוהין פאָרסטו דאָס, וואוהין?

— קיין עלמיירא — האַלטן אַ רעדע.

— אָ, אַ רעדע פאָרסטו דאָס האַלטן? נו, דו וועסט שוין דיין רעדע האַלטן פאַר דעם שניי און ווינט, דו, באָם, דו! — האָט זיך דער מאַן צעשריען מיט שפּאָט און כעס.

דעבס האָט זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל אים לאָזן דערפאָרן ביז אַ סטאַנציע. נאָר דער וועכטער האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. ער האָט אים, דעבסן, צוגעשלעפּט צו דער טיר און האָט אים אַ וואָרף געטון אין דרויסן אַרויס. אַ גליק, וואָס דער שניי איז געווען טיף און דזשין איז אָפּ־געקומען מיט אַ שניי־באָד.

און ווי נאָר דזשין האָט זיך אויפגעהויבן, אַז ערשט — ער איז אַריין גלייך אין די אָרעמס פון אַ פעטן איירישן פּאָליסמאַן. נאָר דער פּאָליסמאַן איז נישט געווען אַזוי שלעכט ווי דער וועכטער אויף דער באַן.

דער פּאָליסמאַן האָט געמיינט, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך עפּעס אַ האָבאָ, אַ טרעמפּ. און ער האָט דזשינען פאַרגעלייגט אים איינצוזעצן אויף איבער נאַכט אין שטאָט־געפענגעניש. דאָרט איז אַ סך וואַרעמער און באַקוועמער ווי אין די ווייסע שנייען אין פעלד. דאָרטן וועט ער זיך

קענען אויסרוען די נאַכט, און אינדערפרי וועט ער קריגן אַ גוטן פרישטיק.

נאָר דעבם האָט אים שיין באַדאַנקט. ער האָט דער־קלערט דעם פּאָליסמאַן, אַז ער מוז זיך אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן, וואָרן ער האָט אַ וויכטיקערע אַרבעט ווי נעכ־טיקן אין געפענגעניש. ער מוז נאָך היינט אָוונט רעדן אויף אַ מיטינג פון אַרבעטער. מע וואַרט אויף אים.

דעם פּאָליסמאַן איז דאָס געפעלן. אַרבעטער אָרגאַ־ניזירן זיך, גרינדן יוניאָנס. ווי ער איז דאָס זיי מקנא. האַלעוואַי מאַכן די פּאָליסלייט אַ יוניאָן. זיי זיינען דאָך אויך אַרבעטער.

נאָכדעם האָט דער פּאָליסמאַן געוויזן דזשינען דעם וועג אין שטאָט אַריין און האָט אים געוואונטשן אַ פריילאכן שליטוועגס.

דזשין — אַ דורכגעפרוירענער, נאָר אינעווייניק אַ דערוואַרעמטער פון אַזאַ באַגעגעניש, איז אַוועק מיטן שניי־איקן וועג צו דער שטאָט. ער האָט געהאַט פאַר זיך בלויז אַ פּאָר מייל צו גיין. אין אַ שיין וועטער וואָלט דאָס געווען אַ שפּאַציר אויף אַ האַלבער שעה. נאָר איצט האָבן ווינט און שניי געשמיסן און געבייטשט, אַז ער האָט קוים געזען וואוהין ער גייט. די קני האָבן זיך דזשינען גענומען אונ־טערבייגן, די אויגן זיינען אים געווען פאַרבלענדט. דזשין האָט געפילט, אַז אָט, אָט און ער פאַלט. עך, ווען ער זאָל זיך נאָר צוזעצן אויף אַ מינוט, אַ מינוטעלע בלויז.

נאָר אַ געזונטער געפיל האָט אים געשטאַרקט. ער האָט געוואוסט, אַז טאָמער חלילה זעצט ער זיך צו אָפּ־רוען — איז ער פאַרלוירן, ער וועט שוין מער נישט אויפ־שטיין. ער וועט פאַרפרוירן ווערן. און דאָרט וואַרט מען

דאָך אויף אים. מענטשן וואַרטן צו הערן זיין וואָרט. אָט דער געדאַנק האָט אים צוגעגעבן כוח און האָט אים גע־שטאַרקט צו האַלטן זיך אויף די פיס.

און מיט דעם בילד פון די וואַרטנדיקע אַרבעטער פאַר זיינע אויגן — האָט זיך דזשין דערנענטערט צו דער שטאָט. סע האָט שוין לאַנג נישט געדויערט. ער איז אָנגעקומען אין שטאָט פונקט אין צייט צו גיין צו דער פאַרזאַמלונג. ער איז בלויז אַריין אין אַ רעסטאָראַן טרינ־קען אַ שאָל קאַווע, און פון דאָרטן — צו דער פאַר־זאַמלונג.

דער זאַל איז שוין געווען געפּאַקט. דער עולם האָט געקענט דעבסן און אַלע האָבן אים געוואָלט הערן. דאָ איז געווען אַ געמישטער עולם: אַמעריקאַנער און אויסלענדער, ווייסע און שוואַרצע, פרויען און קינדער. אַלע זיינען געקו־מען הערן דעבסן, וואָרן דעבס האָט גערעדט די שפּראַך, וואָס אַלע פאַרשטייען: די שפּראַך פון ליבע און פון גוטסקייט.

דזשין האָט זיך דערוואַרעמט. ער האָט גערעדט און האָט אַליין דערפילט דעם ווערט פון זיינע ווערטער. ער האָט גערעדט פון דער וועלט און פון איר שיינקייט, פון איר האָב־און־גוטס און פון אירע אוצרות. נאָר ווער געניסט פון דעם אַלעמען, אויסער אַ קליין הייפעלע?! און פאַראַן איז דאָך גענוג פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען!

דזשין מאָלט אַ בילד נאָך אַ בילד. ער מאָלט דאָס שווערע לעבן פון אַרבעטער, בילדער פון אַרבעט און פון צרות, פון אונטערדריקער און אונטערדריקטע.

דערנאָך גייט דזשין איבער צו דער צוקונפט. ער

מאָלט דאָס לעבן און די פרייד, וואָס וועלן אַמאָל קומען פאַר אַלע, וואָס ליידן; זאָלן זיך נאָר מענטשן ליב האָבן, זאָל מען נאָר לעבן בשלום. דעמאָלט וועלן נישט זיין קיין הערשער און קיין באַהערשטע.

און די צייט פון שלום מוזן די מענטשן אַליין דערנענ־טערן, אַליין שאַפן. איינִיקייט, אחדות קען דאָס ברענגען. וואָרן אין איינִיקייט ליגט קראַפט.

מיט זיינע ווערטער, מיט זיינע בילדער דערהייבט דזשין די מענטשן. דזשין פילט, אַז אויך ער אַליין איז דערהויבן. אַ ווײַלע בליצט אויף פאַר זיינע אויגן אַ בילד פון אידישע נביאים, וואָס רעדן, שטראָפן און טרייסטן; וואָס פאַר־טראָגן נישט קיין שלעכטס און קיין אומרעכט; וואָס נעמען זיך אָן פאַר אונטערדריקטע, פאַר עלנטע און פאַר פרעמדע; וואָס מאָנען איינִיקייט און שלום.

אַלע זיצן און הערן. זיצן מיט ליכטיקע אויגן. די הערצער קלאַפן שטאַרקער. אַלע פאַרגעסן אויף אַ ווייל די צרות, די שווערע אַרבעט. אַ האַרץ צו אַ האַרץ ווערט נעענטער, און מענטש דערפילט זיין מיטמענטש.

דזשין ענדיקט. דער עולם זיצט נאָך פאַרטראָגן אין ליכטיקע וועלטן פון גליק און פון רו. מיטאַמאָל ברעכט אוים אַ שטורעם, אַ פרייד און אַ פּאַטשעריי. אַ סך גייען צו און דריקן אים די האַנט; מאַמעס רינגלען אים אַרום מיט זייערע קינדער. ווייסע און שוואַרצע.

דעבסן בליצט אויף אַ ליכטיקער געדאַנק: אָט די קינדער, זיי דאַרף מען לערנען און דערציען ווי ברידער; זיי וועלן זיין איין ברידערשאַפט, וואָס וועט קעמפן פאַר אַ

בעסערער אָרדענונג אויף דער וועלט, אַ ברידערשאַפֿט, וואָס וועט דערנענטערן די שענערע און בעסערע צייט.

זינט דעמאָלט, וואו דעבס האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט צו זיין צווישן קינדער און מיט קינדער, צו רעדן פאַר זיי און זיי לערנען, פלעגט ער קומען ווי צו פריינט, און רעדן פאַר זיי ווי פאַר גרויסע.



# קעמפער

פאַראַן אַלערליי קעמפער אויף דער וועלט. קעמפער פאַר שלום, און קעמפער, וואָס פאַרגיסן בלוט, וואָס קעמפן צו פאַרכאַפּן די וועלט. דאָס זיינען די קריגער, די הערשער און די רייכע. זיי שטעלן צונויף אַרמייען און שיקן זיי אין מלחמה אַריין צו האַרגענען און רויבן. די דאָזיקע הערשער זאָגן אָפּט, אַז דאָס טוען זיי, כדי צו פאַרהיטן די וועלט פון מלחמות און צו באַשיצן די שוואַכע פעלקער, וואָס זיינען אין געפאַר באַרויבט צו ווערן פון אַנדערע הערשער. און זיי קלאַפּן די נאַרישקייט אַזוי לאַנג אַריין אין די קעפּ, אַז אַ סך מענטשן הייבן אָן גלייבן אין דעמדאָזיקן ליגן.

אַנדערש, אינגאַנצן אַנדערש זיינען די קעמפער פאַר אייניקייט און פאַר שלום צווישן מענטשן. זיי באַוואָפענען נישט קיין אַרמייען און שיקן קיינעם — קיינעם נישט האַרגענען.

צו דעם קלאַס קעמפער געהערן די איידלסטע מענטשן. אַ סך פון זיי זיינען סאָציאַליסטן, וואָס שטרעבן איינצופירן אַ שענערע און אַ בעסערע אָרדענונג אויף דער וועלט.

פאַראַן נאָך אַ קלאַס קעמפער. דאָס זיינען די אַרבעטער, וואָס קעמפן פאַר בעסערע באַדינגונגען אין לעבן: קירצערע אַרבעט־שטונדן און אַ מענטשלאַכן לוין פאַר דער

אַרבעט; אַז מען זאָל נישט דאַרפן לעבן אין נויט און אין אָרעמקייט. און כדי דאָס צו דערגרייכן — פירן זיי אָפט אָן אַ קאַמף דורך סטרייקן. דאָס איז אַ פרידלאַכע מלחמה, אָן בלוט-פאַרגיסונג.

צו די לעצטע צוויי קלאַסן קעמפער האָט געהערט יודזשין דעבס. מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן האָט דעבס זיך אריינגעוואָרפן אין דעמדאָזיקן קאַמף. די הערשער און די רייכע האָבן אים דערפאַר פיינט געהאַט. זיי האָבן געזען אין אים זייער געפערלאַכסטן שונא. דערפאַר האָט אָבער דזשין געוואונען די ליבע פון מיליאָנען אַרבעטער אי־בערן לאַנד.

דזשין איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, בעת ער איז אַריין אין דער יוניאָן פון די לאָקאָמאָטיוו-הייצער. שפּע־טער איז ער געוואָרן דער סעקרעטער און דער פירער פון דער הייצער יוניאָן.

אין יענע יאָרן האָט דזשין אויך געפּרואווט זיין מזל אין פּאָליטיק. גוטע פריינט, וואָס האָבן געזען דזשינס פייאיקייטן און ווי שיין און גוט ער קען רעדן, האָבן אים צוגערעדט צו פּאָליטיק. דזשין האָט זיי געפאָלגט. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. און נאָך דאָסזעלבע יאָר האָט מען אים אויסגעקליבן פאַר אַ מיט־גליד פון דער לעדזשיסלייטשור אין אינדיאַנאַ.

דזשין האָט אַלעמאָל געכאָלעמט צו אַרבעטן פאַרן וואוילזיין פון די מאַסן, ער האָט אָבער נישט געוואָלט, די מאַסן זאָלן אַרבעטן פאַר זיין נוצן וועגן. ער האָט נישט געוואָלט דערהויבן ווערן אויף דעם חשבון פון אַנדערע.

ער איז אַלעמאָל געווען גרייט צו זיין אַ חבר, אַ ברו־דער און אַ העלפער. זיין האַרץ האָט מיטגעפילט און האָט

געליטן מיט אַלע, וואָסליידן. ער האָט נישט געוואָלט מע זאָל אים טראָגן אויף די אַקסלען, ער האָט געוואָלט גיין מיט דער מאַסע און צווישן דער מאַסע.

געוועזן אַזוינע, וואָס האָבן געלאַכט פון דעבסן. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ נאַר, אַ שוטה. דאָס האָט אים ווייניק געאַרט. דזשין איז אַלעמאָל געגאַנגען מיט די, וואָס פאַרשטייען אים.



## דעבס פירט די באַן־אַרבעטער אין סטרייק — און דער ערשטער זיג

אין דעם יאָר 1894 האָט די יוניאָן פון די באַן־אַר־בעטער מיט דעבסן בראָש דערקלערט אַ סטרייק. אַלע אַרבעטער אויף די באַנען זיינען אַרויס אין סטרייק. דעבס איז דעמאָלט נישט געווען קיין באַן־אַרבעטער. פאַר אים זיינען אָבער די אַרבעטער געווען ברידער, און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף.

אין יענע יאָרן זיינען די אַרבעטער געווען ווי פשוט'ע שקלאַפן. די מיינסטע אַרבעטער זיינען אינגאַנצן נישט גע־ווען אָרגאַניזירט. מע האָט געאַרבעט 2 מאָל 8 שעה אַ טאָג און נאָך מער, און פאַרדינען האָט מען קוים פאַרדינט אויף אַ שטיקל ברויט.

די לאַגע פון די באַן־אַרבעטער, וואָס דעבס האָט גע־האָלפן אָרגאַניזירן, איז נישט געווען קיין בעסערע ווי די לאַגע פון אַנדערע אַרבעטער. מע האָט געאַרבעט לאַנגע שאָען און שווער, און — דאָס אַלץ פאַר אַ הונגער־לוין.

איז דאָס פאַר די באַן־אייגנטימער נאָך געווען ווייניק. זיי האָבן גערעכנט, אַז זייערע אַרבעטער פאַרדינען צופיל, און זיי האָבן גענומען שניידן זייער לוין.

דאָס איז געווען שוין איבער דער מאָס. אַלע זיינען אַרויס סטרייקן. באַנען זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער




יודזשין דעבס, ווען ער האָט געפּירט דעם פּולמאַן־סטרייק

פאַרקער איז געוואָרן צעקריפּלט. די אַרבעטער האָבן דער־
פילט זייער כוח, זייער מאַכט. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַר־
שטיין, אַז ווען זייער שטאַרקע האַנט נאָר וויל, שטייען אַלע
רעדער שטיל. און דאָס ווערט געטון אָן בלוט־פאַרגיסן.

סע האָט נישט געדויערט לאַנג און די באַן־אַרבעטער
האָבן געוואונען דעם סטרייק. די באַן־מאַגנאַטן, די באַלע־
באַטים, האָבן נישט געהאַט קיין ברירה, און כדי די באַנען
זאָלן ווידער גיין, האָבן זיי געמוזט נאָכגעבן וואָס די אַר־
בעטער האָבן געפאָדערט.

ווי אַ דערפרישנדיקער שטראָם האָט דער זיג פון די
סטרייקער זיך דורכגעטראָגן צווישן אַלע אונטערדריקטע
אַרבעטער. אַ נייע פרייד האָט אויפגעשיינט. זיי פאַר־
שטייען איצט, מע קען מיט זיי נישט טון וואָס מע וויל, און
— מער וועט מען מיט זיי נישט טון וואָס מע וויל.



## אַ צווייטער זיג און — דעבס אין תפיסה

איר האָט אַוודאי געזען, ווי צו יעדן צוג זיינען צו־געטשעפּעט אַ פּאָר פּולמען וואַגאָנען. דאָס זיינען וואַ־גאָנען מיט אַ סך מער באַקוועמלאַכקייטן ווי די געוויינלאַכע וואַגאָנען. פאַראַן דאָרט באַזונדערע קופּייען פאַר די פּאַסאַ־זשירן, די זיצפּלעצער זיינען ווי דריישטולן, אַזוי אַז מע קאָן זיך זעצן מיטן פּנים וואוהין איינעם איז ליב.

די אַרבעטער אויף די פּולמען־וואַגאָנען איז אָבער גאָרנישט ניט אַזוי באַקוועם. און בעת די באַן־אַרבעטער האָבן דעמאָלט געוואונען דעם ערשטן סטרייק און האָבן אויסגעקעמפט אַ מענטשלאַכערן לוין, האָט דאָס אָבער אויף קיין האָר נישט פאַרבעסערט די לאַגע פון די אַרבע־טער אויף די פּולמען־וואַגאָנען. זיי זיינען געווען אין דער ערגסטער לאַגע צווישן די באַן־אַרבעטער. זיי האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות און האָבן באַקומען אַ הונגער־לוין.

מיסטער פּולמען, דער אייגנטימער פון די פּולמען־וואַ־גאָנען, האָט אויסגענוצט זיינע אַרבעטער ביז זייערע לעצטע כוחות. ער האָט געפאָדערט די מיינסטע אַרבעט און האָט געצאָלט דעם קלענסטן לוין. מר. פּולמען האָט זיך געהאַט זיינע וועגן ווי אויסצונוצן זיינע אַרבעטער, און נאָך צונעמען ביי זיי דעם לעצטן אָרעמען לוין. ער האָט שוין דעמאָלט

געטון אַזוי ווי די היינטיקע קוילן-מאַגנאַטן טוען אין די קוילן-געגענטן פון קענטאַקי און אַנדערע שטאַטן.

מיסטער פולמען האָט אויפגעבויט באַראַקן, וואו זיינע אַרבעטער האָבן געמוזט וואוינען און באַצאָלן מער דירה-געלט ווי ערגעץ-אַנדערש; ער האָט געעפנט קראָמען, געוועלבן און אַלערליי געשעפטן, און זיינע אַרבעטער האָבן געדאַרפט קויפן וואָס זיי דאַרפן בלויז אין פולמענס קראָמען און געוועלבן. און דאָ האָט מען פאַר אַלץ געמוזט צאָלן גרעסערע פרייזן: פאַר שפייז און פאַר קליידער און פאַר אַלע אַנדערע זאַכן.

און די אַרבעטער, וואָס האָבן גענומען בלויז דאָס נייטיקסטע, וואָס זיי דאַרפן — האָבן געמאַכט חובות און האָבן זיך פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ. און געבן אויף באָרג האָט מען זיי דווקא געגעבן. וואָרן דאָס האָט די אַרבעטער פשוט צוגעבונדן צו זייער מיזערנער אַרבעט און זיי האָבן נישט געטאָרט גיין זוכן קיין אַנדערע אַרבעט. אויף אַזאַ אופן זיינען זיי געוואָרן איינפאַכע שקלאַפן ביי דעם מיסטער פולמען.

אַלץ האָט אָבער אַ גרענעץ, און יעדע זאַך האָט אַ סוף. אַז די אַרבעטער האָבן שוין מער נישט געקענט אַריבערטראָגן זייערע ביטערע צרות, האָבן זיי איין שיינעם טאָג דערקלערט אַ סטרייק. דער זיג פון די אַנדערע באַן-אַרבעטער האָט זיי צוגעגעבן מוט. טויזנטער פולמען-אַרבעטער, פון די ברעגן פון אַטלאַנטיק ביז צו די ברעגן פון פאַסיפיק, האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די קייטן פון שקלאַפעריי און ווערן פריי.

מיסטער פולמען האָט זיך געווענדט צו גראָווער קליוולאַנד, וואָס איז דעמאָלט געווען פרעזידענט, אַז ער זאָל שיקן

מיליטער קעגן די סטרייקער. דער פּרעזידענט האָט אים צוליב געטון און האָט געשיקט סאָלדאַטן צו אונטערדריקן דעם סטרייק. און דעם אמת געזאָגט — מיט דעם סטרייק האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל. נאָר דאָ איז אונטער־געקומען דעבס. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן נאָך אין דער רעכטער צייט און האָט גענומען פירן דעם סטרייק. די אַר־בעטער האָט ער געהייסן זיצן אין דער היים. זאָלן די סאָלדאַטן מיט זייערע ביקסן פירן די באַנען.

זעט דער מיסטער פּולמען, אַז מיט די סאָלדאַטן קאָן ער גאָרנישט ניט אויפטון, ווענדט ער זיך צו אַ ריכטער, ער זאָל דורכן געזעץ צווינגען די אַרבעטער צו גיין צו דער אַרבעט. דער ריכטער, וואָס האָט געהאַלטן מיט דעם מיסטער פּול־מען און איז מסתמא געווען איינער פון די ריכטער, וואָס קויפן זייער ריכטער־שטול פאַר געלט, האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז אַלע אַרבעטער מוזן גיין צוריק צו דער אַרבעט.

דעבס האָט אָבער די אַרבעטער נישט געלאָזט צוריק־גיין צו דער אַרבעט אויף די אַלטע קאָנדיציעס. זיי מעגן רואיק זיצן אין דער היים, האָט ער זיי דערקלערט, נישטאָ וואָס צו שרעקן זיך. זאָלן זיי זיך נאָר האַלטן איניק און אָנגיין מיטן סטרייק. קיינער וועט זיי דעמאָלט נישט קע־נען צווינגען צו גיין אַרבעטן.

וואָס טוט איצט דער מיסטער פּולמען? טראַכט ער און טראַכט, און אַז ער זעט דאָס אַלץ איז דעבסעס קאָפּ און אַרבעט, טראַכט ער פריער ווי אָפּצוראַמען דעבסן פון וועג. ער לאָזט דעבסן אַרעסטירן פאַר ברעכן דאָס גע־זעץ. וואָרן דער ריכטער האָט דאָך געפּאַסקנט, אַז די אַר־בעטער מוזן צוריקגיין צו דער אַרבעט, נאָר דעבס לאָזט זיי

נישט. אַרעסטירט מען דעבסן און מע זעצט אים איין אויף זעקס חדשים.

די פולמען־אַרבעטער האָבן לסוף טאַקע געוואונען דעם סטרייק, דעבס איז אָבער געזעסן אין תפיסה. נאָר נישט אַליין איז דעבס דאָרטן געזעסן. מיליאָנען מענטשן זיינען געווען מיט אים. און בריוו האָט ער געקריגן — בריוו מיט טרייסט און מיט לויטער פריינטשאַפט און האָפענונג. איין בריוו, וואָס איז געקומען נאָך איידער מע האָט אים איינגעזעצט, איז געווען אַזאַ:

ליבער דזשין,

איך הער, אַז מע וויל דיך פאַרשיקן אין תפיסה. דו וועסט דאָרטן דאַרפן האָבן אַ פריינט, — לאָמיך זיין דיין פריינט.

**יודזשין פילד.**

דער פּאָעט פון דעם באַרימטן ליד: „ווינקען, בלינקען ענד נאָד", האָט דאָס אים געשריבן אַזאַ בריוו.



# דעבס ווערט אַ סאָציאַליסט

זעקס חדשים איז יודזשין דעבס געזעסן אין געפענגע־ניש. נאָר די צייט איז נישט אַוועק אומזיסט. דעבס האָט דאָרטן אַ סך געלייענט און געלערנט. ער האָט זיך באַקענט מיט די ווערק פון די גרויסע סאָציאַליסטן: מאַרקס, לאַסאַל, קאַוטסקי.

דעבסן איז קלאָר געוואָרן, אַז דורך סטרייקס אַליין וועלן די אַרבעטער נישט געווינען זייער פרייהייט; דורך סטרייקס אַליין וועלן זיי נישט געווינען דאָס, וואָס געהערט זיי. און געהערן געהערט דאָך די אַרבעטער אַלץ, אַלץ, וואָס זיי שאַפן, בויען און מאַכן.

די גרויסע, באַקוועמע הייזער מיט די שיינע גערטנער, וואו סע וואוינען די רייכע, די לײדיקגייער — דאָס האָבן אַרבעטער געבויט — געהערן דעריבער די אַלע הייזער די אַרבעטער; די פאַבריקן און אַלץ, וואָס ווערט געמאַכט אין די פאַבריקן — געהערן די אַרבעטער; די קוילן פון די מינען, דאָס ברויט פון די פעלדער און אַלע זאַכן, וואָס מענטשן נוצן — אויף דעם אַלעמען האָרעווען די אַרבעטער — געהערן דעריבער די אַלע, אַלע זאַכן די אַרבעטער.

ווער אָבער האָט די אַלע זאַכן? פאַרוואָס הונגערן און פרירן די אַרבעטער, און לאָזן, אַז מע זאָל די אַלע נוצ־לאַכע זאַכן צונעמען, צורויבן? פאַרוואָס לאָזן זיי זיך

איינריידן די נאַרישקייט, אַז גאָט וויל, די אָרעמע זאָלן אַר־בעטן פאַר די רייכע? און ווער איז שולדיק, וואָס די רייכע שאַפן געזעצן, וואָס שיצן זיי און זייער רויב?

דעבסן איז קלאָר געוואָרן, אַז נישט דורך סטרייקס אַליין וועט מען דאָס קענען ענדערן און פאַרבעסערן. כדי צו בייטן די אָרדענונג, מוזן זיך די אַרבעטער אָרגאַניזירן — נישט נאָר אין יוניאָנס, — זיי מוזן זיך אָרגאַניזירן אין א פּאַרטיי. די אַרבעטער מוזן אויסקלייבן זייערע פאַר־שטייער, זייערע מעיאָרס און ריכטער אין די שטעט, מוזן שיקן זייערע פאַרטרעטער אין קאָנגרעס, און אין ווייס הויז — זייער פּרעזידענט.

און ווי נאָר דעבס איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער דאָס אָנגעהויבן לערנען די אַרבעטער.





דעבס שטעלט צונויף די אַרבעטער־ציימונג „אַמעריקען אַפּיל״, וואָס ער האָט רעדאַגירט.

## די וועלט־מלחמה

(1918 — 1914)

יאָרן קומען, יאָרן גייען.

אַ סך יאָרן זיינען אַוועק זינט דזשין האָט אָנגעהויבן זיין גרויסע אַרבעט. פיל זיינען געוועז די, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, רייד פון גערעכטיגקייט און פון פרידן. נאָר הונדערטמאָל אַזויפיל מענטשן זיינען זיך גע־גאַנגען זייער וועג פון אומרעכט און פון שלעכטס.

און די רייכע זיינען זיך געגאַנגען זייער וועג. פון דעם בלוטיקן שוויים פון די אַרבעטער זאַמלען די רייכע געלט און פאַרמעגנס, און פירן אַ צעלאָזן לעבן. און די אַרבע־טער — זיי אַליין גלייבן וואָס מע האָט זיי איינגערעדט, אַז אַלץ דאַרף זיין ווי עס איז.

אין דעם יאָר 1900, פאַר די פּרעזידענט־וואַלן אין לאַנד, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט דעבסן פאַר פּרעזידענט־קאַנדידאַט. נאָר ווייניק מענטשן האָבן דע־מאָלט געשטימט פאַר דעבסן. אין יאָר 1904 איז דעבס ווידער געווען פּרעזידענט־קאַנדידאַט. 4 מאָל איז דעבס געווען קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט. יעדעס מאָל איז גע־וואַקסן די צאָל, וואָס האָט געשטימט פאַר אים.

פיר מאָל האָבן די אַרבעטער און דאָס גאַנצע אַמע־ריקאַנישע פאָלק געהאַט די געלעגנהייט אויסצוקלייבן אַ

מענטשן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן אָוועקגעגעבן די אַר־בעטער. זיי אָבער האָבן יעדעס מאָל אויסגעקליבן אַן אַנ־דערן; און אַלע מאָל אַזאַ מענטשן, וואָס האָט געבראַכט אויף זיי הונגער און מלחמה.

אין דעם יאָר 1912 איז דעבס צום פערטן מאָל און צום לעצטן מאָל געווען קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט. אָבער אויך דאָס מאָל איז ער דורכגעפאַלן. און אנשטאָט דעבסן האָט מען אויסגעקליבן פאַר פּרעזידענט דעם פּראָפעסאָר וואודראָו ווילסאָן.

ווילסאָן איז געווען אַ שטילער מענטש און ער האָט ליב געהאַט שלום. ער האָט אפילו אַליין געשריבן וועגן די גרויזאַמקייטן פון מלחמה. נאָר ליבערשט נאָך פון שלום האָט ווילסאָן ליב געהאַט ווילסאָנען — זיך אַליין. אין דער צייט, וואָס ער האָט געשריבן וועגן די גרויזאַמקייטן פון מלחמה, האָט ער פאַרגרעסערט די אַרמיי און האָט געבויט נייע קריגשיפן.

און אין אַלע לענדער אין אייראָפּע האָבן די פּאָליטי־קאַנער און די באַנקירן אויך אַזוי געהאַנדלט:

ז י י  ה אָ ב ן  ג ע ר ע ד ט  פ ו ן  ש ל ו ם  א ו ן  ה אָ ב ן  ז י ך  ג ע ג ר י י ט  צ ו  מ ל ח מ ה.

איין לאַנד האָט זיך געגרייט צו באַרויבן דאָס צווייטע לאַנד. און זומער, 1914, האָט אויסגעבראָכן די מלחמה.

גאַנץ אייראָפּע איז געוואָרן אַ מלחמה־פעלד. אַ מלחמה־משוגעת האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. ווי ווילדע וועלף האָט מען זיך געוואָרפן איינער אויפ'ן אַנדערן מיט גיפטיקער שנאה. לענדער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שלאַכט־פעלדער. מיליאָנען יונגע מענטשן האָבן זיך געקוילעט, גע־שאָסן, געשטאָכן און פאַרקריפּלט איינס דאָס אַנדערע. און

ווער ס'האָט געהאַט מזל און איז געבליבן לעבן — איז אָבער מאָראַליש פאַרקריפּלט געוואָרן אויף זיין גאַנצן לעבן.

אין יאָר 1917 איז אויך אַמעריקע אַריין אין דער מלחמה. פּרעזידענט ווילסאָן, וואָס האָט די גאַנצע צייט גערעדט פון שלום, האָט אַריינגעשלעפּט דאָס לאַנד אין דעם בלוט־באָד. אַמעריקע האָט געהאַט אַ סך אורזאַכן און טעמים פאַרוואָס זי האָט דערקלערט קריג.

**אין אמתן אָבער, איז קיינמאָל ניט נישטאָ קיין אורזאַך און קיין טעם פאַר פירן מלחמה. ס'איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס קאָן באַרעכטיקן מלחמה. מלחמה איז אַ ווילד משוגעת. מלחמה מיינט טויט. מלחמה מיינט אומגליק אַפילו פאַר די, וואָס בלייבן לעבן, אַפילו פאַר די, וואָס געווינען זי.**

מע נעמט יונגע מענטשן און — מע מאַכט זיי פאַר מערדער. מע נעמט לערער און לערערנס און — מע מאַכט זיי פאַר ליגנער. וואָרן אין דער אמתן וויל נישט קיין פאָלק קיין מלחמה. מע נעמט יונגע מענטשן און מע רייסט זיי אַוועק פון זייערע פאַמיליעס, פון זייערע נאָענטע, מענער — פון זייערע פרויען, חתנים — פון זייערע כלות, זין פון זייערע טאַטעס און מאַמעס.

און די אַלע יונגע מענטשן רייצט מען אויף, מע רעדט זיי איין ווילדע ליגנס. און ווער סע וויל פאָרט נישט גיין אין מלחמה אַריין — דערשיסט מען אים ווי אַ משוגענעם

הונט, אָדער מע וואַרפֿט אים אַריין אין געפֿענגעניש, ווי ער וואָלט זיין אַ פֿאַרברעכער.

אין 1917 זיינען די תפֿיסות אין לאַנד געווען איבער־געפֿילט מיט טויזנטער יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו גיין אין מלחמה אַריין הארגענען און אַליין גע־האַרגעט צו ווערן.

פֿאַר דעבסן איז דאָס געווען איבער דער מאָס. ער האָט דאָס נישט געקאָנט צוזען און שווייגן. ער איז דע־מאָלט שוין געווען אַלט און שוואַך. פֿאַר אים וואָלט שוין צייט געווען, אַז ער זאָל זיך אויך אַמאָל אָפּרוען. דעבס אָבער האָט נישט געטראַכט פֿון קיין רו. ער האָט אויפֿגענומען אַ קאַמף — דעם קאַמף קעגן מלחמה.



# דער קאַמף קעגן מלחמה

פּול מיט פרישע כּוחות האָט זיך דעבס אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַמף קעגן מלחמה. ער האָט באַשלאָסן צו עפע־נען די מענטשן זייערע אויגן. ער רעדט צו די מערדער פון זייערע אייגענע קינדער, ער רעדט צו די פּאָליטישנס און ער רעדט צו די יונגעלייט. זאָלן די יונגעלייט נאָר נישט גיין אין מלחמה אַריין. עס איז אַ גרעסערע העלדיש־קייט זיך אָפּצוזאָגן פון דעם באַפעל צו גיין הארגענען, איידער צו פאָלגן דעם באַפעל און גיין געהאַרגעט ווערן.

אין קענטאָן, אָהייאָ, האָט דאָס געטראָפן. דעבס האָט דאָרטן גערעדט פאַר אַן עולם אַרבעטער. ער האָט גערעדט ק ע ג ן מלחמה און פ אַ ר שלום.

„איך וואָלט ליבערשט וועלן זיין טויזנט מאָל אַ פרייער מענטש אין תּפיסה, איידער אַ ליגנער און אַ צעשטערער — אין גאַס!"

אַזוי האָט גערעדט דעבס. ער האָט אויך געזאָגט, אַז בשעת סע קומט צו מלחמה פרעגט מען קיינמאָל נישט דאָס פאָלק, צי עס וויל מלחמה, אָדער נישט. די שטאַרקע, די רייכע זיינען אַלעמאָל די, וואָס דערקלערן מלחמה. זיי אַליין גייען זיך נישט שלאָגן. זיי אַליין היטן זיך פאַרן טויט. זיי שיקן זייערע אַרבעטער אין מלחמה, זיי זאָלן זיך שלאָגן פאַר זייערטוועגן. זיי פאַרלירן קיינמאָל גאָרנישט גיט, און געווינען — געווינען זיי אַלץ.



דעבס, בעת ער רעדט אף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג

— מיר ווילן נישט קיין מלחמה. מיר ווילן נישט הארגענען די מענטשן פון אנדערע לענדער. מיר טראָגן נישט קיין האס און קיין שנאה אויף מענטשן פון אנדערע לענדער. מיר קריגן זיך נישט מיט זיי, און זיי קריגן זיך נישט מיט אונז.

די רעגירער — זיי רופן אונז פאררעטער. פאר זאָגן אמת און פאר פאָדערן גערעכטיקייט — פארשפארן זיי אונז אין געפענגענישן.

זאָלן זיי. נאָר ווען נישט די אלע מענטשן פאָר אונז, וואָס האָבן געהאט דעם מוט צו גיין אין די געפענגענישן פאר דעם אמת און פאר זייערע איבערצייגונגען — וואָלטן מיר איצט נאָך מסתמא געלעבט אין די וויסטעניש, אין דזשאָנגל.

אזוי האָט דעמאָלט גערעדט דעבס. צווישן עולם איז געווען אַ שפּיאָן. ער האָט די אלע רייד פארשריבן און האָט דאָס איבערגעגעבן דער פּאָליציי. מע האָט דעבסן אַרעסטירט. צוויי חדשים שפּעטער האָט מען אים גע־מישפּעט.

די אָנקלאגע איז געווען אַ שטאַרקע. דער שפּיאָן האָט פאָרגעלייענט דעבסעס רעדע. דעבס האָט די רייד נישט געלייקנט. ער האָט נאָך פארן פראָצעס געוואוסט, אַז מע וועט אים פאַרמישפּעטן. דאָס האָט אים אָבער נישט געשראָקן. ער האָט זיך געהאַלטן רואיק. און אַז ער האָט באקומען דאָס לעצטע וואָרט, האָט ער צוגעגעבן, אַז די אַלע רייד, וואָס מע האָט דאָ פאָרגעלייענט, זענען אמת. ער האָט פיינט מלחמה און פאראַכט זי. מלחמה איז אַ זאַך פאַר ווילדע באַרבאַרן.

— איך האָב געזאָגט און זאָג: כל־זמן ס׳איז פאַראַן

אַן אונטערדריקטער קלאַס — בין איך אין דעם קלאַס;
כל־זמן איינער איז געפֿאַנגען — בין איך נישט פֿריי.

יודזשין דעבס איז פֿאַראורטיילט געוואָרן אויף 10 יאָר תּפֿיסה.

איידער דעבס האָט געדאַרפֿט אַוועקגיין זיצן, האָבן די אַרבעטער אין טערע־האָט געוואָלט מאַכן פֿאַר אים אַ פּאַראַד. נאָר דעבס האָט געבעטן, מע זאָל דאָס נישט טון. ס'איז נישט קיין צייט פֿאַר פּאַראַדן. אפֿשר, אַז ער וועט צוריקקומען — דעמאָלט, נאָר נישט איצט.

אַז ער איז אָבער געקומען צו דער באַן, וואָס האָט אים געדאַרפֿט אַוועקפֿירן אין תּפֿיסה אַריין, זענען געווען אַרום 200 פֿריינט. זיי זענען געקומען אים באַגלייטן. און איינער, אַ געזונטער מאַנער, האָט אויסגערופֿן:

— דזשין, מיר זענען מיט דיר! איך שווער, אַז מיר זענען מיט דיר ביזן לעצטן מענטשן!

דער צוג איז אָנגעקומען. דעבס איז אַרויף אויף די טרעפּ פֿון וואַגאָן. אַ פּאָלמען־טרעגער האָט אים סאַלוטירט. דעבס האָט געענטפֿערט אויף דער באַגריסונג און האָט אַראָפּגענומען זיין הוט. אין איין רגע האָבן אַלע באַגלייטער אַראָפּגענומען די היט. ביי אַ סך האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. אַ מיידל האָט זיך דורכגעשטופּט צו דעבסן און אים דערלאַנגט אַ רויז. דער צוג האָט זיך גענומען רירן.

דער צוג האָט געפֿירט דעבסן אין תּפֿיסה אַריין.

---

## ווידעראַמאָל אין תפיסה

ערשט אַפן צווייטן אָוונט איז דעבס אָנגעקומען אין דער תפיסה פון מאַונדסוויל. איבער אַ מעת-לעת האָט געדויערט די רייזע. מע האָט אים ארומגעשלעפּט פון באַן צו באַן, און פון קאַר צו קאַר. אָן אָפּשטעל און אָן רו.

בשעת מע האָט אים אריינגעפירט אין תפיסה-צעל — איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. אין אַלע צעלן זענען די אַרעסטאַנטן שוין געשלאָפן.

דעבס האָט זיך אויסגעטון און זיך אַנידערגעלייגט אַף דעם אייזערנעם בעטל. ער איז געווען פאַרמאַטערט און שלעפעריק. ער האָט אָבער נישט געקענט שלאָפן. זיין קערפּער איז טאַקע געווען פאַרשפּאַרט אין אַן אייזערנער שטייג, זיינע געדאַנקען אָבער האָבן אַרומגעוואַנדערט אי־בער דער גאַנצער וועלט פריי און אומגעשטערט — דער פרייסטער מענטש אויף דער וועלט.

דער וואָרדן, דער אויפזעער פון תפיסה, האָט אין דעבסן גלייך דערקענט אַ נאָבעלן כאַראַקטער, און ער האָט אים באַהאַנדלט מיט איינזען. ער האָט דעבסן געשטעלט אַרבעטן אין דעם געפענגעניש-שפּיטאָל.

נאָך צוויי חדשים זיצן אין מאַונדסוויל האָט די רעגי־רונג באַשלאָסן — און איין גאָט ווייסט פאַרוואָס — איבער־צופירן דעבסן אַזש קיין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיע.

ביי די אַרעסטאַנטן אין מאַונדסוויל איז דאָס געווען



דעבּס אין אַרעסטאַנטן־קליידער בּיי די גראַטעס פון תּפיסה

אן אמת׳ער טרויערטאָג, ווען מע האָט דעבסן אַוועקגעפירט פון דאָרט. דעבס האָט געפילט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אורזאַך פאַרוואָס מע זאָל אים איבערפירן. ער האָט זיך אָבער נישט געקלאָגט. דעבס האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט.

דאָ, אין דער אַטלאַנטער תפיסה, איז געווען אַן אופ־זעער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום אײַנזעען מיט קיינעם נישט פון די אַרעסטאַנטן. אַפילו נישט מיט אַזוינע ווי דעבס. ער האָט דעבסן באַהאַנדלט ווי אַ פשוטן פאַר־ברעכער. דעבס אַליין האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר בע־סער פון די פאַרברעכער אין תפיסה. אַדעראַבע, דעבס האָט געקוקט אויף די אַרעסטאַנטן ווי אויף קראַנקע מענטשן, קראַנקע אין גייסט און אין האַרץ. מענטשן, וואָס נייטיקן זיך אין פאַסיקער באַהאַנדלונג, פונקט ווי אַנדערע קראַנקע.

דאָ אין תפיסה אָבער האָט זיך דעבס אָנגעזען מיט מוירעדיקער שלעכטסקייט פון מענטשן. טייל אַרעסטאַנטן האָט מען באַהאַנדלט ערגער ווי משוגענע הינט. דעם מענטשנס לעבן האָט דאָ קיין ווערט נישט געהאַט.

איינמאָל האָט דעבס צוגעזען אַזאַ בילד: ער איז גע־שטאַנען מיט אַנדערע און האָט געוואַרט צו נעמען אַ וואַנע. די וואַנע איז געווען אַן אײַזערנע, אַ שמוציקע. פון צײַט־צו־צײַט האָבן די אַרעסטאַנטן זיך אין איר געבאָדן. בשעת ער האָט געוואַרט, האָט אַן אַלטער נעגער זיך געהאַלטן אין באָדן. ער האָט אַרומגעוואַשן זײַן אויסגעמאַטערט לײַב. בעתן וואַשן האָט דער נעגער אויפגעדרייט דעם קראַן אויף צו נעמען נאָך אַביסל וואַסער. דער וועכטער, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען, האָט אויף אים אַ שפרונג גע־טון ווי אַ בייזער הונט און מיט אַ געשריי:

— פאַרדריי דעם קראַן, דו שוואַרצער טייוול! צי ווייסטו נישט, אַז וואַסער איז טייערער פון נעגערס?

דעבס האָט דאָס צוגעזען און — זיין האַרץ האָט גע־בלוטיקט אַף דעם שלעכטס און אַף די פּיין פון מענטשן. ער האָט געפּרואווט מילדערן דאָס פאַרביטערטע לעבן פון די אַרעסטאַנטן. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז דאָרטן גע־ווען — איז ער געווען פאַר זיי ווי אַ פאָטער.

ביסלאַכווייז האָבן די אַרעסטאַנטן אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין וועמען זיי האָבן צווישן זיך. אין יעדער פרייער מינוט האָבן זיי זיך אַרומגעקליבן אַרום דעבסן. און ער איז געווען זייער לערער און זייער ברודער. אָפט, אין אַזוינע פרייע מינוטן, האָט דעבס מיט זיי געזונגען לידער, לידער פון טרייסט און פון האָפענונג אַף אַ בעסערער צייט אין דער צוקונפט.



## דער אַרעסטאַנט דעבס פֿאָרט אַליין צום פּרעזידענט

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. די לעבן־געבליבענע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען פֿון די שלאַכטפֿעלדער אין פֿראַנקרייך. דעבס אָבער און די טויזנטער יונגע לייט, וואָס מע האָט איינגעזעצט, ווייל זיי זענען געווען קעגן מלחמה, זענען ווייטער געבליבן זיצן אין די תּפֿיסות.

דעבס האָט זיך געעלטערט. זיין געזונט איז וואָס־אַמאָל געוואָרן שוואַכער. פֿריינט זיינע איבערן גאַנצן לאַנד האָבן זיך עטלאכע מאָל געווענדט מיט בקשות צו פּרעזידענט ווילסאָן, אַז ער זאָל דעבסן באַפֿרייען. נאָר ווילסאָן האָט די בקשות צוריקגעוויזן.

אין יאָר 1921, בעת האַרדינג איז שוין געווען פּרעזידענט, האָט מען זיך געווענדט צו אים, ער זאָל דעבסן באַפֿרייען. האַרדינג האָט געשיקט נאָך דעבסן. מע האָט דעבסן געלאָזט פֿאָרן אַליין קיין וואַשינגטאָן, אָן פּאָליציי און אָן וועכטער. האַרדינג האָט געוואוסט, אַז דעבס וועט נישט אַנטלויפֿן. אַזוינע ווי דעבס אַנטלויפֿן נישט. מע מעג אים לאָזן פֿאָרן פֿריי אַליין.

דאָס איז געווען אין פֿרילינג 1921. דעבס איז געקומען קיין וואַשינגטאָן. דער אַטוירני דזשענעראַל (יוסטיץ מיניסטער) האָט זיך מיט אים דורכגערעדט. מע

האָט פֿאַרלאַנגט פֿון דעבסן — הערט און שטוינט — איין קליינינקייט: ער זאָל דערקלערן, אַז ער האָט חרטה וואָס ער האָט געקעמפֿט קעגן מלחמה.

דעבס האָט זיך אומגעקערט קיין אַטלאַנטאַ אין תּפֿיסה אַריין. צוריק — איז ער אויך געפֿאָרן איינער אַליין.

ערשט סוף 1921, אין דעם חודש דעצעמבער, האָט האַרדינג באַפֿרייט דעבסן. מע האָט אים אָבער געמאַכט פֿאַר אוים בירגער פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן. מע האָט ביי אים צוגענומען דאָס רעכט, וואָס עס האָט אַ בירגער.

אָבער דאָס, וואָס זיינע שטראָפֿער האָבן געטון דעבסן צו באַשטראָפֿן, איז אין אמתן געווען אַ גרויסע זאַך פֿאַר אים. וואָרן מיט דעם, וואָס זיי האָבן געמאַכט דעבסן פֿאַר אוים בירגער פֿון דעם לאַנד — איז דעבס געוואָרן אַ בירגער פֿון דער גאַנצער וועלט. און דאָס איז גראַדע געווען גוט. וואָרן אַזאַ מענטש ווי דעבס געהערט דער גאַנצער וועלט, אַלע פֿעלקער און אַלע מענטשן.



## פרייהייט און — די לעצטע טעג

דריי יאָר איז דעבס געזעסן אין תפיסה. ווען ער איז באפרייט געוואָרן — איז ער געווען אַלט און קראַנק, אַ צעבראָכענער מענטש. זיין גייסט אָבער איז געבליבן פריש און געזונט. זיין גייסט האָבן זיי נישט געקענט צעברעכן.

עטלאַכע חדשים איז דעבס געווען אין אַ סאַניטאַריע. אַז ער איז געקומען אַביסל צו די כוחות און ער איז אַרוים פון סאַניטאַריע, האָט ער געמאַכט אַ טור איבערן לאַנד. פון שטאָט צו שטאָט. און אין יעדער שטאָט האָבן די אַרבעטער אויפגענומען דעבסן מיט פרייד און מיט דעמאָנ־סטראַציעס.

אין יענער צייט האָט זיך דעבס באַקענט מיט די אַרבעטער רינג שולן, וואָס מע האָט געעפנט נאָך דער מלחמה אין אַ סך, אַ סך שטעט איבערן לאַנד. ער האָט פיל מאָל גערעדט פאַר די קינדער און מיט די קינדער. אים איז שטאַרק געפעלן געוואָרן ווי די קינדער ווערן געלערנט און דערצויגן אין די אַרבעטער רינג שולן. אַף דער 25 יעריקער קאָנווענשאָן פון אַרבעטער רינג אין ניו־יאָרק איז געקומען דעבס. און אין זיין באַגריסונגס־רעדע האָט ער אויך דערמאָנט די שולן, און ער האָט געזאָגט:

There is no other School in America known to me that has this liberality of spirit, this freedom of action. I still thrill with the hand-clasp of those splendid Jewish teachers, real educators, true teachers of the young, and I still look into the bright, sparkling seeing eyes of those fine Jewish children, girls and boys, an experience that has been an inspiration to me ever since.

דעבס איז געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, ווי גאָר אַמאָל אין די יונגע יאָרן. ער האָט ווידער גערעדט וועגן די גרויזאַמקייטן פון מלחמה; ער האָט ווידער גערעדט ק ע ג ן מלחמה און פ אַ ר שלום. וואָרן די וועלט־מלחמה האָט זיך טאַקע געענדיקט, נאָר פּאָגראָמען, האַס און רעכטלאָזיקייט האָבן געהערשט און געבושעוועט איבער דער גאַנצער וועלט.

אין אוקריינע און אין פוילן האָט מען טויזנטער און הונדערטער־טויזנט אידן אויסגעקוילעט, בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען אידן און נישט קיין קריסטן. אין אַרמעניע האָבן די טערקן געקוילעט אַרמעניער, דערפאַר, ווייל זיי זענען קריסטן און נישט קיין מאַכמעדאַנער. אין אַמע־ריקע לינטשט מען נעגערס בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען שוואַרץ און נישט ווייס. און אַזוי איבער דער גאַנצער וועלט.

סע האָבן זיך דערנענטערט דעבסעס לעצטע טעג. מע האָט אים ווידער אַוועקגעפירט אין אַ סאַניטאַריע. דעבס אַליין האָט געפילט, אַז זיין סוף איז נאָענט. אין סאַני־טאַריע איז ער אָבער די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען און

*) אַרויסגענומען פון דעבס' אַרטיקל אין דעם סואווענירזשור־נאַל, וואָס דער אַרבעטער רינג האָט אַרויסגעגעבן צו זיין 25 יעריקער קאָנווענשאָן.

האָט נאָך באַדינט די אַנדערע פּאַציענטן. ער האָט נישט געוואָלט ליגן אין בעט.

איינמאָל איז דעבס געגאַנגען צו גאַסט צו זיינעם אַ פריינט, וואָס האָט געוואוינט נאָענט פון סאַניטאַריע. צו־ריק־צו־וועגס האָט ער זיך נאָך אָפּגעשטעלט אַף דער פּאָסט. ער האָט אַוועקגעשיקט געלט צו דעם פאַרטיידיקונג־קאָמי־טעט פון סאַקאָ־וואַנזעטי, די צוויי איטאַליענישע אַנאַר־כיסטן. זיי האָבן דעמאָלט געשמאַכט אין אַ מאַסאַטשו־סעטס געפענגעניש, און שפּעטער — זיינען זיי טאַקע הינ־געריכט געוואָרן.

פון יענעם טאָג אָן איז דעבס מער נישט ארויס פון סאַניטאַריע. ער איז געלעגן אין בעט און האָט געליטן שווערע שמערצן. איין טאָג האָט מען געשיקט נאָך זיין פרוי. זי איז געקומען. אַ גאַנצע נאַכט איז זי געזעסן ביי זיין בעט. זיינער אַ ברודער און אַ שוועסטער זיינע זיינען אויך געזעסן ביי זיין בעט. דעבס האָט שוין נישט געקענט ריידן. עטלאכע טעג האָט ער געגויסעט, ביז ער איז געשטאָרבן.

דעבס איז געשטאָרבן. זיין נאָמען און זיינע מעשים לעבן און וועלן אייביק לעבן.



## פאַרצייכעניש


ווילדע צייטן — — — — — — — — — — — — — — 5
סאָלדאַטן מאַרשירן איבער די גאַסן — — — — — — — 7
דזשין און דזשאַני — — — — — — — — — — — — — 12
ווינטער־אָווענטן — — — — — — — — — — — — — 14
דזשין גייט אַרבעטן — — — — — — — — — — — — 18
דזשין ווערט אַ הייצער — — — — — — — — — — — 23
„איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם" — — — — — — 26
קעמפער — — — — — — — — — — — — — — — — 33
דעבס פירט די באַן־אַרבעטער אין סטרייק — און דער
ערשטער זיג — — — — — — — — — — — — — — 36
אַ צווייטער זיג און — דעבס אין תפיסה — — — — — — 39
דעבס ווערט אַ סאָציאַליסט — — — — — — — — — 43
די וועלט־מלחמה — — — — — — — — — — — — 46
דער קאַמף קעגן מלחמה — — — — — — — — — — 50
ווידעראַמאָל אין תפיסה — — — — — — — — — — 54
דער אַרעסטאַנט דעבס פאָרט אַליין צום פּרעזידענט — — 58
פרייהייט און — די לעצטע טעג — — — — — — — — 60


## בילדער


יודזשין דעבס — — — — — — — — — — — — — — — 2
דאָס הויז, וואו דזשין דעבס איז געבוירן געוואָרן — — — 9
דזשינס מוטער — — — — — — — — — — — — — — 15
דזשינס פאָטער — — — — — — — — — — — — — — 19
יודזשין דעבס, ווען ער האָט געפירט דעם פולמען־סטרייק — 37
דעבס שטעלט צונויף די אַרבעטער צייטונג „אַמעריקען
אַפּיל", וואָס ער האָט רעדאַגירט — — — — — — — — 45
דעבס, בעת ער רעדט אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג — — — 51
דעבס אין אַרעסטאַנטן־קליידער ביי די גראַטעס פון תפיסה, 55




# ביבליאָגראַפיע

The Story of Eugene Debs
by Henry T. Schnittkind

---

The Man Unafraid
by McAllister Coleman

---

Deos by David Karsner

* * *

די מיינסטע עפּיזאָדן אין דעם ביכל זענען לויט שניט-
קינדס בוך „דהי סטאָרי אָוו יודזשין דעבס”.